# קאָנסטיטוציאָן

## סאַטאַנאָווער בענעוואָלענט סאָסייעטי

געגרינדעט דען 3טען אָקטאָבער, 1903

SATANOVER BEN. SOC. · ORG. OCT. 3 · 1903



אונזער מאָטטאָ:

| ואהבת | איש |
|---|---|
| לרעך | את אחיו |
| כמוך | יעזורו |

## קאַנדידאַטען צו אַריינפיהרען

פּרעזידענט! ברודער פינאַנס סעקרעטער און פיהרער, זי וועלען זיך איבערגעבען אין פאָרצימער דעם קאַנדידאַט אַלע פראַגען פאָרלעגען, און אַלס איינצאהלונג פונ'ם קאַנדידאַט לויט בעשליסע פון דער אָרגאַניזאַציאָן. פיהרער און קאַנדידאַט קומען אַריין און בעגעבען זיך צום פּרעזידענט. פיהרער שטעלט פאָר דעם נייעם קאַנדידאַט.

(פּרעזידענט)—מיין פריינד, בעפאָר איך וועל אייך איבערגעבען דעם צייכען פון דער סאָסייעטי און איינשווערען פאַר אַ ברודער, איזט פאָן איהנען איין פאַרשפּרעכען צו נעמען אַז איהר מוזט נאכ־קומען אַלע געזעטצע און פאָרשריפטען און איהר מוזט אייער וואָרט דערצו געבען, אַז איהר פערפליכטעט זיך די געזעטצע פון דער סאָ־סייעטי צו ערהאַלטען, קיינעם ברודער ווערדער דורך וואָרט אָדער טהאַט אונרעכט צו טהון.

(פּרעזידענט)—גיט דריי קלעפּ צום אויפשטעהן: אין נאמען פון סאטאַנאָווער בענעוואָלענט סאָסייעטי ערקלער איך אייך דעם קאַנ־דידאַט געזעצליך אַריינגענומען מיט בערעכטיגונג פון אַלע געניסע און רעכטע פון אונזער אָרגאַניזיישאָן. — גיט איין קלאַפּ, אַ צייכען צום זעטצען.

(פּרעזידענט)—איך האב זיא נאך מיט פאַרשידענע צייכען בעקאַנט צו מאַכען. אונזער עמבלעם איז אויף אַלע פּייפּערס, סטיישאָנערי, באָ־טאָנס געפינט זיך אַן אַנקער, און מיט דעם אַנקער זענען מיר פאַראַנ־קערט ברידערליכקייט און טרייהייט איבערגעגעבען איינער צום צוויי־טען ח"ו אין נויט. אַזוי ווי אַ שיף געהט אין ים און אַ שטורם קומט אָן איז דער אַנקער האַלט אויף יעדען שטורם, אַזוי בעדייטעט דער אַנקער ביי אונזער אָרגאַניזיישאָן אויפצוהאַלטען די ברידערליכקייט און טריי־הייט איינער צום צווייטען. — דאַן קומט (איינס) איינלאַס־צייכען, (צוויי) פּאַסיר־וואָרט, (דריי) בעגריסונגס־צייכען (פיער) אפּשטימונגס־צייכען, (פינף) געברויך דעם האַמער. זי געפינען די אויסערע טהיר פערשלאָסען, דאַמיט זי איינלאַס ערהאַלטען גיבען די פאָלגענדע צייכען קלעפּ — וועלכעס די אויפמערקזאַמקייט פון אינערוואַכע צו פאָלגע האַט, דאַן מוסען זי איהם דאס פּאַסיר־וואָרט געבען, זאָ ערהאַלטען זי איינלאַס. אין מיטינג־לאָקאַל גיבען זי דעם פּרעזידענט דאס בעגרי־סונגס־צייכען, ווענדען זיך צום וויים־פּרעזידענט דאס זעלבע צייכען, דעם זעלבען צייכען מוזען זי געבען ווען זי פערלאָזען דאס לאָקאַל וועהרענד דער מיטינג אין זיטצונג איזט. (אַבשטימונגס־צייכען) ווען עס קומט פאָר אַ דעבאַטע און איהר ברויכט צו שטימען, שטימט דאַפיר אָדער דאַגעגען מיט אויפהויבען די רעכטע האַנד (געברויך דעם האַמער) צום אויפרעכט ערהאַלטונג דער אָרדנונג בעפינדעט זיך דער פּרעזידענט דעם האַמערשלאַג. שלאַגע איינס רופט צו אָרדער, צוויי שלאַגע רופען אויף די דעבאַטע און דריי שלאַגע די גאַנצע פערזאַמלטע סאָסייעטי אויף.

מיין פריינד, זעהט צו אַטענדען די מיטינגען, שטרעבט צו לערנען אונזער קאָנסטיטושאָן און אַ גוטער מיטגליעד אין דער אָרגאַניזיישאָן צו זיין.

מיינע ברידער, איך שטעל איהנען פאָר אונזער נייעם מיטגליעד צום בעווילקאָמען פאַר.

# קאָנסטיטוציאָן

## סאַטאַנאָווער בענעוואָלענט סאָסייעטי

געגרינדעט דען 3טען אָקטאָבער, 1903

SATANOVER BEN. SOC. · ORG. OCT. 3 · 1903

אונזער מאָטטאָ :

ואהבת לרעך כמוך

איש את אחיו יעזורו

# אינהאַלטס פערצייכניס


| ארטיקעל | זייטע |
| --- | --- |
| בעעהרטע מעמבערס | 3 |
| מעמבער ליסטע | 4 |
| בעאַמטע ליסטע | 5 |
| גרינדער ליסטע | 6 |
| טאַגעס־אָרדענונג | 9 |
| 1. נאמען, שפּראַכע און צוועק | 10 |
| 2. רעגעלמעסיגע פערזאַמלונגען | 10 |
| 3. קוואָרום | 11 |
| 4. נאָמיניישאָן און וואַהל פון בעאַמטע | 11 |
| 5. פליכטען און רעכטע פון בעאַמטע | 12 |
| פליכטען פון וויס־פּרעזידענט | 13 |
| פליכטען פון פינאַנס סעקרעטער | 14 |
| פליכטען פון טרעזשורער (קאַסירער) | 15 |
| פליכטען פון די טראָסטיעס | 16 |
| פליכטען פון קאָנטראָלער | 16 |
| פליכטען פון איננערע וואַכע | 16 |
| פליכטען פון די פיהרערס | 16 |
| 6. אויפנאַהמע פון קאַנדידאַטען | 17 |
| 7. איינקונפטע פון דער סאָסייעטי | 19 |
| 8. רעכטע און געניסע פון די מעמבערס | 20 |
| 9. טויטען־פעלע | 22 |
| 10. קעפּיטע טעקס (ענדאומענט) | 24 |
| 11. סעמעטערי פערוואַלטונג | 25 |
| 12. ערעפענונג פון די פערזאַמלונגען | 25 |
| 13. פּאַרלאַמענטארישע רולס (מיטינג געזעצע און אָר־דענונגס רעגעלען) | 26 |
| 14. שטראַפען | 27 |
| 15. קלאַגען פערפיהרען | 29 |
| 16. געזעצע פערענדערונג | 30 |
| 17. עהרען מעמבערס | 30 |
| דאָס געזעץ קאָמיטע, פּרינטינג קאָמיטע | 31 |
| עמבלעם און צייכען פון דער סאָסייעטי | 32 |

# בעעהרטע מעמבערס

פאָלגענדע מעמבערס זיינען בעעהרט געוואָרען פון דיזער סאָסייעטי:

ברודער סעם באַסס מיט אַ מעדאַל.

ברודער בנימין ליפּצין מיט אַ מעדאַל.

ברודער אברהם שפּילקע מיט אַ מעדאַל.

פאָלגענדע ברידער זיינען בעעהרט געוואָרען. זייערע נעמען זיינען אויפגעשריבען אויף דער עהרען־ליסט:

בנימין ליפּצין,

איזידאָר וויינטרויב,

אברהם שפּילקע,

אשר בערמאַן,

דוד פּערעלמאַן,

העררי גערבער,

לייביש סאַגען,

דזשייק מינץ,

אברהם עדעסאָן,

סעם בלום.

# מעמבער ליסטע

ב. גרינבערג
מרס. סירקעס
ל. מייסינג
אייזיק דיימאנד
מ. ראָזענטהאל
יצחק שעבעוויטץ
דזש. סאגען
דזש. מאנדעל
ל. שולמאן
מ. שלייען
ז. לערנער
סעם פרייז
מאררים פריעדמאן
סעם באלק
סעם גאדפריעד
מאררים בוכמאן
העררי בוכמאן
ראבערט וואטסאָן
מרס. שולמאן
סעם רייזמאן
איים קאפלאן
אהרן באסס
מאררים גאָלדפעדער
סעם גאָלדפעדער
ליפע באסס
וואסערמאן
משאס. בערענשטיין
דזשוליוס קאָהן
ראבערט באסס
ליעבמאן
מ. שעכטער
ב. באראָנדעס
דזשאָ פערעלמאן
טשאס. פראנקפעלד
נייטען טשערנאק
נייטען פערעלמאן
סאל. פאללאק

סעם שולמאן
מאררים קרוק
אברהם עדעסאָן
איים ברילל
מ. אדלין
מ. שינדלער
טשאס. באטקין
מענדעל ליפצין
דוד בלום
פעלדמאן
ב. שינדעלמאן
נייטען באבעל
מ. ראָזענפעלד
סעם פישמאן
וויליאם גראָסמאן
סעם בערמאן
העררי באסס, נומ. 2
איזידאָר פילאק
מיס א. גערשענהאָרן
מ. בערענשטיין
מ. שעבעוויטץ
מ. מעסלער
ה. טייטעלבוים
דוד טויב
איזידאָר וויינטרויב
מ. ברוידי
ה. געללער
מ. קאטץ
ט. וויסמאן
ה. ברוידיי
לואיס פישמאן
מ. וויים
פנחס ראבינס
פנחס שעבעוויטץ
ב. בערג
בעריל שפילקא
דזש. גערשמאן
אל. דיימאנד
דזש. קאָהן

סעם באסס
אשר בערמאן
דזש. באכמאן
סעם בלום
העררי באסס
דוד ברוידי
דזש. טשעסלער
טשארלס קאָהן
מרס. קאָהן
מרס. קאטלער
סעם פריעדמאן
דזש. גערמאנסקי
דזש. גראָסמאן
דזש. גאַיער
מאררים גראָסמאן
בנימין ליפצין
איזידאָר ליפצין
נייטען ישפה
ליטמאן
דזשייק מינץ
העררי מינץ
דזש. גראָסבערג
ב. מיימען
ב. נעמהייזער
ה. נעמהייזער
דוד פערעלמאן
דזש. ראָוז
לואיס סאגען
אברהם שפילקא
דוד שולמאן
דזש. קאָהן
ישראל קאָהן
יצחק מאיר באַסס
דזש. טאבאטשניק
א. פאווערשטיין
דר. לעסינגער
ה. בעראן
ד. קאָהן
ה. גערבער

# בעאַמטע ליסטע

| | |
|---|---|
| דוד פערעלמאַן | פּרעזידענט |
| אייזעק דיימאנד | וויים־פּרעזידענט |
| אברהם עדעסאָן | פינאַנס סעקרעטער |
| איזידאָר וויינטרויב | רעקאָרדינג סעקרעטער |
| אברהם שפּילקא | טרעזשורער |
| דזשייק מינץ | קאָנטראָלער |
| מש. פריינקפעלד | ערשטער טראָסטיע |
| מ. קאטץ | צווייטער טראָסטיע |
| אלי׳ דיימאנד | דריטער טראָסטיע |
| לואים פישמאַן<br>סעם פישמאַן | פיהרערס |
| מ. ליבערמאַן | איננערוואַכע |
| הערי באסס | באס און סעמעטערי |
| אברהם קאפּלאַן<br>סעם שולמאַן | אַסיסטענטס |
| לעססינגער | דאָקטאָר |

# גרינדער ליסטע

פאָלגענדע ברידער זענען די גרינדערס פון דער סאָסייעטי:

בנימין ליפּצין,

סעם באסס

אברהם שפּילקע

יחזקאל פראנקפעלד

אשר בערמאן

מאקס טעסלער

יוסף בוכמאן



פאָרזיצענדערס פון די מיטינגס

# טאַגעס־אָרדנונג

1. פּרעזידענט רופט אַלע מעמבערס צו אָרדנונג. די בעאַמטע פאַרנעמען זייערע פּלעצער. דער אינערוואַכע פאַרשליסט די טהירען. (פּרעזידענט) אין נאָמען פון סאטינאָווער בענעוואָלענט סאָסייעטי ערקלעהר איך דעם מיטינג געזעצליך ערעפענט.
2. פּאָרלעזען בעאַמטען־ליסט.
3. פּאָרלעזען דעם פּראָטאָקאָל.
4. פּאָרלעזונג פון אַלע קאָמיטע ליסטע.
5. איינפיהרען נייע קאַנדידאַטען.
6. נאָכפרעגען וועגען קראַנקע און נויטליידענדע.
7. בעריכטען פון קראַנקע.
8. קאָמיטע בעריכטען.
9. פינאַנס בעריכט.
10. צושריפטען.
11. פּאָרשלאָגען נייע קאַנדידאַטען.
12. דורכפיהרונג פון דעם באַלאָט.
13. אונערלעדיגטע געשעפטען.
14. רעצעס צום איינצאהלונג.
15. וואַהל און בעסטען דער סאָסייעטי.
16. נאָמינייעשאָן און וואַהל (אין וואַהל־אבענד).
17. שטרייך־ליסטע פּאָרלעזונג (אין שטרייך אבענד).
18. איינגאַהמע און אויסגאַבע.
19. שלוס פונ'ם מיטינג.
20. אין נאָמען פון סאַטאנאָווער בענעוואָלענט סאָסייעטי ער־קלעהר איך דיזען מיטינג געשלאָסען ביז דעם נעקסטען מיטינג צאהלרייך איינצופינדען.

## ארטיקעל 1.

## נאָמען, שפּראַך און צוועק

1. דער נאָמען פון דיזער סאָסייעטי זאָל זיין : „סאַטאנאָ־ווער בענעוואָלענט סאָסייעטי“. דיזער נאָמען קען ניט געענ־דערט ווערען אַזוי לאַנג ווי די סאָסייעטי וועט עקזיסטירען.
2. אַלע פּאַרהאַנדלונגען, ווי אויך די ביכער פון דער סאָ־סייעטי זאָלען אין דער אידישער שפּראַך געפיהרט ווערען.
3. דער צוועק פון דיזער סאָסייעטי איז אַלגעמיינע אונ־טערשטיצונג, קראַנקען און שבעה בענעפיטס, שטיצע צו נויט־ליידענדע ברידער, בעערדיגונגס פּלאַץ און בעערדיגונגס קאָסטען צו פערשטאָרבענע מעמבערס (פרויען און קינדער), קראַנקען־בע־נעפיט, וועלכע זיינען בערעכטיגט דערצו לויט די ווייטערע גע־זעצען.

## ארטיקעל 2.

## רעגעלמעסיגע פערזאַמלונגען

1. דיזע סאָסייעטי זאָל האָבען פאָלגענדע מיטינגען : רע־געלע, גענעראַל און ספּעשעל מיטינגען.
2. רעגעלע מיטינגען זאָלען זיין יעדע צוויי וואָכען, דעם ערשטען און צווייטען שבת אָוועגד, 8 אוהר שאַרפּ. די מיטינגען קענען געענדערט ווערען נאָך דעם בעשלוס פון דער סאָסייעטי.
3. אַ גענעראַל מיטינג זאָל איינבערופען ווערען יעדע דריי מאָנאַטען, ווען דער פינאַנס סעקרעטער שיקט אַרויס בילס צו די מעמבערס, און יעדער מעמבער מוז אנוועזענד זיין.
4. ספּעציאל מיטינגען קענען בערופען ווערען : ערשטענס, ווען דער פעראיין בעשליסט אַזאַ מיטינג צו רופען ; צווייטענס, ווען דער פּרעזידענט געפינט פאַר נויטיג צו רופען אַ ספּעציאל מיטינג ; דריטענס, ווען 10 מעמבערס פאָדערען אויף דעם פּרע־זידענט צו רופען אַזאַ מיטינג — מוז דער פּרעזידענט אַזאַ מיטינג רופען. יעדאָך מוזען זיי דעם פּרעזידענט געבען די אורזאַכע. ביי אַ ספּעשעל מיטינג מוזען אַלע ברידער אנוועזענד זיין.

5. ווען א מעמבער פון די 10 וואָס האָבען פאָרגעלייגט דעם ספעשעל מיטינג איז ניט אנוועזענד ביי דעם מיטינג, זאָל ער שטראַפירט ווערען מיט 1 דאלער.

6. ביי ספעציאל מיטינגען זאָל נאָר פערהאַנדעלט ווערען דאָס פאַר וועלכען דער מיטינג איז בערופען געוואָרען.

7. יעדער מיטינג קען געעפענט ווערען ווען עס זיינען אנ־וועזענד 7 מעמבערס.

8. ביי אַ גענעראַל מיטינג קען מען אַלע געשעפטען דורכ־פיהרען, זאָגאַר אַזעלכע וועלכע עס זענען געגען די געזעצע, און מען ברויכט ניט קיינע צוויי־דריטעל מאַיאָריטעט, וועלכע מען ברויכט ביי אַ רעגעלען מיטינג.

## אַרטיקעל 3.

### קוואָרום

7 מעמבערס בילדען אַ קוואָרום און זענען בערעכטיגט אַלע געזעצליכע געשעפטען צו פערהאַנדלען.

## אַרטיקעל 4.

### נאָמינייישאָן און וואַהל פאַר בעאַמטע

1. דיזער פעראיין זאָל זיך פיהרען פון פאָלגענדע בע־אַמטע: פרעזידענט, וויים־פרעזידענט, טרעזשורער (קאַסירער), פראָטאָקאָל סעקרעטער, פינאַנס סעקרעטער, קאָנטראָלער, אינער־וואַכע, 3 טראָסטיעס, 1 באָס אָף סעמעטערי, 2 אַסיסטענטס און 2 פיהרערס.

2. ערשטע נאָמינייישאָן פאַר בעאַמטע זאָל זיין ביי די ער־שטע רעגעלע מיטינגען, און צווייטע נאָמינייישאָן ביי אַ צווייטען רעגעלען מיטינג, ווען ערשטע און צווייטע איינצאַהלונג איז דער וואַהל פאר בעאַמטע, מיט אויסנאַהמע פון פיהרער, ווערען אַפּוינטעט פון פרעזידענט אויף אַ האַלב יאָהר.

3. אין די דזשענעראַל מיטינגען פון מאָנאַט יולי און דע־צעמבער פון יעדען יאָהר זאָל שטאַטפינדען די וואַהל פאַר בע־אַמטע. די אינסטאָלירונג פון די ערוועהלטע בעאַמטע זאָל זיין אין די ערשטע מיטינגען פון מאָנאַט יולי און יאַנואַר.

4. קיין מעמבער קען ניט לויפען פאַר איין אַמט ווען ער בעלאַנגט ניט קיינע 6 מאָנאַטען צום פעראיין, אויך מעמבערס קענען ניט נאָמינירט ווערען פאַר קיין אַמט וועלכע זענען ניט אנוועזענד ביי דער נאָמינייישאָן: ווען איינער איז ניט גוט־שטעהענד אין די ביכער אָדער שטעהט אונטער אַ קלאַגע, קען ער ניט אינסטאָלירט ווערען אין זיין אַמט. עס קען אויך ניט ערוועהלט ווערען קיין מעמבער וואָס קען ניט לעזען און שרייבען.

שולדען פריי אין בוך הייסט: ווען עס איז ביי דער דריי־טער איינצאהלונג אַלעס אין די נאָטיס בעצאָהלט געוואָרען. דער מעמבער האָט אָבער צייט ביז שטרייך אָווענד. ווען ער האָט אין שטרייך אווענד ניט בעצאָהלט קען ער דעם צווייטען מיטינג קיין איינלאַס קריגען ביז די שולדען ווערען בעצאָהלט, ווייל ער האָט קיין אנשפּראַכע אין קיינע אנגעלעגענהייטען.

5. אַ געזעצליכער נאָמינירטער מעמבער מוז אין וואַהל־אָווענד אנוועזענד זיין, זאָנסט קען ער ניט ערוועהלט ווערען, מיט אַן אויסנאַהמע ווען ער שיקט אַריין צום מיטינג אַ צושריפט אַז ער נעמט אָן דעם אַמט אין פאַלס ער ווערט ערוועהלט. קיין מעמבער קען קיין צוויי עמטער מיט איינמאָל ניט בעגלייטען.

6. ביי די וואַהלען פאַר בעאַמטע זאָל דער פּרעזידענט אַפּוינטען 3 ברידער, וועלכע זאָלען צעהלען די שטימען, און דער וואָס קריגט די מעהרהייט שטימען ווערט ערוועהלט. ווען 2 צעטלען זענען צוזאַמען ווערען זיי ניט געצעהלט.

7. ווען 2 קאַנדידאַטען קריגען אַ גלייכע צאָהל שטימען, זאָל אַ נייע וואַהל זיין, אָדער עס זאָל דורך אַ גורל ערקלעהרט ווערען, און זאָלאַנג די וואַהל איז ניט געענדיגט טאָר קיין מעמבער דעם לאָקאַל ניט פערלאָזען, אויסער ווען ער האָט זיין שטימצעטעל אין באַלאָט־באַקס אבגעליפערט. יעדע אַגיטאַציאָן איז אַם וואַהל־אווענד פערבאָטען.

9. פאַר פּרעזידענט קען נאָר לויפען איינער וועלכער האָט שוין אַמאָל געהאַט אַן אַמט אין דיזען פעראיין.

10. די וואַהלען געשעהען מיטעלסט שטימצעטעל אויף ריינע, ווייסע פּאַפּיער און ענטשיידעט די מאַדזשאַריטי.

11. אַ קאַנדידאַט וועלכער האָט געקראָגען אַ מינאָריטעט ביים לויפען פאַר אַן אַמט האָט דאָס רעכט אין דעם זעלבען וואַהל־אווענד צו לויפען פאַר אַ צווייטען אַמט.

12. לעצטע נאָמינײשאָן און וואַהל זאָל געפיהרט ווערען איינצעל פאַר יעדען אַמט בעזונדער.

## אַרטיקעל 5.

## פליכטען און רעכטע פון די בעאַמטע

### פליכטען פון פּרעזידענט

1. דער פּרעזידענט איז פערפליכטעט ביי אַלע מיטינגען צו זיין דער פאָרזיצענדער, רוהע און אָרדנונג אויפרעכט ער־האַלטען, אָפּהיטען די געזעצע פון דעם פעראיין, און יעדען קראַנקען ברודער אַמוועניגסטען איין מאָל אַ וואָך צו בעזוכען.

2. ער איז אויך עקס־אָפישיאָ מעמבער פון אַלע קאָמיטעס.

3. ער ערנענט צוויי־דריטעל פון יעדער קאָמיטע.

4. ער בעזעצט צייטווייליג אַלע אבוועזענדע פלעצער פון די בעאַמטע.

5. אונטערצייכענט אַלע אנווייזונגען צום טרעזשורער, ווי אויך אַלע אַנדערע דאָקומענטען.

6. איבערוואכט די אָבשטימונגען, וואַהלען באַלאָטאַזשען, און בעריכטעט דעם רעזולטאַט.

7. ער האַלט אַלע דאָקומענטען און באַנק־ביכער פון דער סאָסייעטי.

8. ער זאָל דעם טשאַרטער פון סאָסייעטי בעוואהרען און איהם ברענגען צו יעדען מיטינג.

9. ער דאַרף קיין אנטהייל נעמען אין דעבאַטעס, זאָלאַנג ער איז דער פּאָרזיצענדער. ער מוז אבער ערקלעהרען די געזעצע צו די ברידער.

10. ער האָט דאָס רעכט צו יעדער צייט אַלע ביכער פון דער סאָסייעטי, דאָס פּראָטאָקאָל בוך ווי אויך אַלע אַנדערע ביכער צו קאָנטראָלירען, און צו לאָזען עמיצען קאָנטראָלירען.

11. ער האָט פולע רעכט צו ספּענדען ביז 10 דאָלער ביי אַ נויט אָדער אומגליקס פאַל, ווען עס איז ניטאָ די מעגליכקייט צו פּעררופען אַ ספּעשעל מיטינג.

12. זיין נאכפאָלגער אַלע דאָקומענטען, ווערטהזאַכען אַלס אייגענטהום דער סאָסייעטי אין דער בעסטער אָרדנונג איבערצוגעבען.

13. אין אינסטאָליישאַן אווענד איז די פליכט פון פּרעזידענט דעם נייעם פּרעזידענט אין זיין אַמט צו אינסטאָלירען און איהם איבערגעבען דעם האַמער מיט דער טשער, און דער נייער פּרעזידענט נעמט פאָר אינסטאָלירונג פון זיינע נייע בעאַמטע, נאכהער ענטלאַסט ער און בעדאַנקט אַלע פאָריגע בעאַמטע פאַר זייער געוועזענער טרייהייט צום פעראיין.

14. ער ברויכט איממער נאָר אומפּאַרטייאיש האַנדלען ווען ער איז אַלס פּאָרזיצענדער.

## פליכטען פון וויים־פּרעזידענט

1. דער וויים־פּרעזידענט איז שטעל־פערטרעטער פונ'ם פּרעזידענט אין זיין אבוועזענהייט.

2. ער מוז אויך שטיצען דעם פּרעזידענט אין די אנגעלעגענהייטען פון דער סאָסייעטי, און אויך איממער צו האַנדלען אומפּאַרטייאיש.

3. דעם רעזולטאַט פון באַלאָט קענטניסע צו נעמען בעפאָר די זעלבע פאַר'ן פּרעזידענט פערקונדיגט ווערען.

4. ביי אַלע פראַגען וואו דער פּרעזידענט בעטהייליגט זיך די פערהאַנדלונגען צו לייטען, די מינאָריטעט קאָמיטע צו ערנענען און דאָס פּאַסירוואָרט די קאַנדידאַטען איבערגעבען.

5. יעדען קראַנקען איין מאָל וועכענטליך צו בעזוכען און ביים נעקסטען מיטינג צו בעריכטען.

6. ער איז אויך טשערמאַן פון פינאַנס קאָמיטע.
7. ער מוז זיך ביי יעדען מיטינג אנוועזענד זיין, און ווען ער איז 3 מיטינגען נאָכאַנאַנד אבוועזענד, אָדער פאַרשפּעטיגט, איז ער פון זיין אַמט ענטלאַסען.

## פליכטען פון פּראָטאָקאָל סעקרעטער

1. דער פּראָטאָקאָל סעקרעטער מוז אַ ריכטיגען און אומפּאַרטייאישען פּראָטאָקאָל שרייבען, אַלע פערהאַנדלונגען פּינקטליך און גענוי פּראָטאָקאָלירען און פאָרלעזען צום נעקסטען מיטינג.
2. ביי די וואַהלען פון די נייע בעאַמטע אַלע שטימען אָפּנאָטירען.
3. אַלע איבעררייכטע שריפטען פאָרצולעזען.
4. ער מוז אויך זיין אַ מעמבער פון דער פינאַנס קאָמיטע.
5. אין יעדען פּראָטאָקאָל די איינגאַהמע און אויסגאַבען בעמערקען.
6. ער איז אויך פערפליכטעט אַלע אויפגאַבען פון פּרעזידענט פּינקטליך צו ערפילען.
7. ער ברויכט אויך וויכטיגע דאָקומענטען, וועלכע דער פּרעזידענט איבעררייכט איהם, אין אָרדנונג צו האַלטען און ביים אויסטריט פון זיין אַמט זיין נאכפאָלגער איבערצוגעבען.
8. ער איז אויך בעאויפטראַגט צו האַלטען דאָס פּראָטאָקאָל־בוך אַלס דאָס הייליגטהום פון דער סאָסייעטי, און קיין אויסערליכע פערזאָן האט קיין רעכט צו וויסען דעם מינדעסטען בעגריף וואָס אין פּראָטאָקאָל איז געשריבען, מיט אויסנאַהמע פון פּרעזידענט און קאָנטראָלער.
9. ער מוז זיך געפינען אין מיטינג־לאָקאַל ניט שפּעטער ווי 8 אוהר, און ווען ער איז ניט אימשטאַנדע איינמאַל אַ מיטינג צו אַטענדען מוזען זיינע ביכער אין לאָקאַל זיין מיט איניגע מינוטען בעפאָר 8 אוהר.
10. ער דאַרף אויך קריגען בעצאָהלט לויט די בעשליסע פון דער סאָסייעטי.

## פליכטען פון פינאַנס סעקרעטער

1. דער פינאַנס סעקרעטער דאַרף די ביכער פון דער סאָסייעטי און נאָמענס־פערצייכנונג אַלע מעמבערס מיט וואָהנונגס אנגעבען, פיהרען גענויע אַדרעסען פון אַלע מעמבערס.
2. ער זאָל גענוי און ריכטיג רעכענונג צווישען די מעמבערס און סאָסייעטי פיהרען, ביי יעדען מיטינג די אַריינקומענדע געלדער איבערנעמען און דעם טרעזשורער איבערצוגעבען.
3. אַם ענדע יעדען קוואַרטאַל אַ גענויען בעריכט פון די ריקשטענדע פון דער סאָסייעטי אין שטרייך־אָווענד פאָרצולעזען.

4. אַם ענדע פון יעדע 3 מאָנאַטען דעם פינאַנס אין אַ שריפטליכען באַלאַנס אַריינצוברענגען, איינגאַהמען, אויסגאַבען און ריקשטענדע.

5. די קאָרעספאָנדענץ פון דער סאָסייעטי צו בעזאָרגען, אַלע מעמבערס צו אַ רעגעלען, ספּעציאַל און גענעראַל מיטינגען איינצולאַדען.

6. דעם זיעגעל פון דער סאָסייעטי אין בעוואהרונג צו נעמען.

7. ביי שלוס דעם מיטינג איינגאַהמע און אויסגאַבען פּאָרצולעזען.

8. צו זיין אין מיטינג־לאָקאַל בעפאָר 8 אוהר.

9. ער מוז אויך אַ ליסט פון נויט־ווענדענדע אָדער קראַנקע ליידענדע געמעלדעטע מעמבערס פיהרען מיט דער אָנגעבונג פון טאָג פון זייער מעלדונג.

10. ער איז אויך בעאויפטראַגט פערשידענע קאָמיטע ליס־טע צו פיהרען, צו יעדער צייט שיקען קראַנקען אָדער שבעה קאָ־מיטעס נאָך נעקסט.

11. אַלע ביכער, דאָקומענטען און ווערטהפולע געגענ־שטענדע פון דער סאָסייעטי זיין נאכפאָלגער אין בעסטען אָרד־נונג איבערצוגעבען.

12. ער איז אַ בעצאהלטער בעאַמטער נאָך דער בעשטי־מונג פון דער סאָסייעטי. זיין בייטראַג זאָל בעצאהלט ווערען גלייך מיט יעדען מעמבער ביי יעדען קווארטאַל.

13. ביי יעדען טויטען־פאַל אנוועזענד צו זיין, אום מען זאָל וויסען אויב דער פערשטאָרבענער איז גוט אין די ביכער, ווי אויך אַלע אָרדערס פונ׳ם פּרעזידענט אויסצופיהרען, צו יעדער צייט זיין פערטיג מיט די ביכער פאַר אונטערזוכונג.

## פליכטען פונ׳ם טרעזשורער

1. דער טרעזשורער מוז אַ סומע געלד אַלס סעקיוריטי ביילעגען לויט די בעשליסע פון דער סאָסייעטי ווען ער ווערט אינסטאָלירט אין זיין אַמט.

2. ער זאָל אַלע געלדער פון דעם פינאַנס סעקרעטער אי־בערנעמען ריכטיג.

3. אַלע אונטערצייכענטע אנווייזונגען פון פּרעזידענט און סעקרעטער אויסצוצאהלען.

4. ער זאָל אַ גענויען רעכענונג איבער איינגאַהמע און אויסגאַבען פיהרען און זיין גרייט צו יעדער צייט צו אַן אונ־טערזוכונג אויף דעם פערלאַנג פון דער פינאַנס קאָמיטע.

5. ער ברויכט ביי יעדען מיטינג פון דער סאָסייעטי אנ־וועזענד צו זיין צו דער בעשטימטער צייט.

6. ער ברויכט אַלע קראַנק געמעלדעטע ברידער איינמאל אין וואָך צו בעזוכען.

7. ער זאָל נאָך דעם בעשלוס פון דער סאָסייעטי דאָס געלד צו די טראָסטיעס איבערגעבען, אום אין באַנק אריינצו־לייגען.

8. ער מוז אַלעס אין זיין בעזיץ פונ'ם אייגענטהום פון דער סאָסייעטי זיין נאכפאָלגער אין גוטער אָרדנונג איבערגעבען.

## פליכטען פון די טראָסטיעס

די טראָסטיעס זענען פערפליכטעט אַלע אייגענטהום פון דער סאָסייעטי אונטער זייער אויפזיכט צו נעמען.

2. די געלדער אַזוי שנעל ווי מעגליך אין באַנק אַריין צו טראָגען און דאָס באַנק־בוך זאָפאָרט דעם פּרעזידענט איבערצו־געבען.

3. זיי זענען אויך פערפליכטעט אויפצוהאַלטען די רוהע און אָרדנונג ווען עס איז נויטיג און ביי יעדען מיטינג אנ־וועזענד צו זיין.

## פליכטען פון קאָנטראָלער

1. דער קאָנטראָלער איז פערפליכטעט די קאָנטראָלע צו פיהרען איבער אַלעס איינגענטהום און פינאַנסען פון דער סאָ־סייעטי, צו וועלכען צוועק דער פינאַנס סעקרעטער ווי אויך דער פּראָטאָקאָל סעקרעטער זענען פערפליכטעט אום די ביכער צו ליסטען אויף זיין פערלאַנג און וואָס ער געפינט ניט פאַר ריכ־טיג צו בעריכטען צום נעקסטען מיטינג.

2. ער ברויכט אויך ביי יעדען מיטינג אנוועזענד זיין.

## פליכטען פון אינערוואַכע

1. דער אינערוואַכע ברויכט וועניגסטענס איין פערטעל שטונדע בעפאָר דער ערעפענונג פון מיטינג אין מיטינג־לאָקאַל צו זיין.

2. אַלע ביי די זיצונגען געגענשטענדע אַן פּלאַץ צו בע־זאָרגען.

3. און אם שלוס פון מיטינג אין פערוועהרונג צו נעמען.

4. וועהרענד דעם מיטינג די אינערוואַכע צו האַלטען.

5. אויך די אויסערוואַכע צו בעזאָרגען.

6. אויפצוהאַלטען רוה און אָרדנונג אין פּאָרצימער.

7. ער איז געשעפטס־טרעגער צווישען בעאַמטע און מעמ־בערס.

8. מוז אַלע קומיניקאַציעס, צושריפטען בעזאָרגען.

9. פון יעדען מעמבער דאָס פּאַסוואָרט אבנעמען.

10. אַלע וואָס מעלדען זיך אַלס נויטליידענדע אָדער קראַנ־קע דעם פינאַנס סעקרעטער אנצייגען און יעדען קראַנקען איינ־מאל וועכענטליך בעזוכען.

## פליכטען פון די פיהרערס

1. די פיהרערס ווערען פון פּרעזידענט ערנענט גלייך נאָך זיין אינסטאָלירונג.

2. זיי זענען פערפליכטעט יעדען נייעם קאַנדידאַט פאַר דעם פּרעזידענט פאָרצושטעלען, פרעמדע קאָמיטעס איינצו־פיהרען און אויך אָרדנונג אויף דעם פלאָר צו האַלטען.

3. זיי מוזען ביי יעדען מיטינג אנוועזענד זיין.

## פליכטען פון דער סעמעטערי קאָמיטע, סעמעטערי פערוואַלטערס

1. די סעמעטערי קאָמיטע ווערט פון פרעזידענט ערנענט גלייך נאָך זיין אינסטאַלירונג.

2. די סעמעטערי קאָמיטע בעשטעהט פון 3 מעמבערס, 1 באָס אָף סעמעטרי און 2 אַסיסטענטס. זיי ברויכען אימער האָבען די קאָנטראָלע אויף דער אָרדנונג און פערוואַלטונג פון פעראיינס סעמעטערים און ביי געלעגענהייט ווען זיי קענען זיך ניט פעראייניגען מוזען זיי אַ ספּעשעל מיטינג פאַררופען.

3. ווען איינער האָט גענען אנדערערן אַ קלאַגע, קען ער פון זיין אַמט אַראָפּגעזעצט ווערען.

4. אַלע בעאַמטע פון דיזער סאָסייעטי מוזען אַטענדען די מיטינגען אין צייט און ווען יעמאנד פעהלט אָדער פערשפּע־טיגט 3 מיטינגען נאָכאַנאַנד, ווערט ער פון זיין אַמט סוס־פענדירט.

## אויפנאַהמע פון קאַנדידאַטען

1. אַ קאַנדידאַט אונטער 18 יאָהר קען ניט פאָרגעשלאָגען ווערען אין דיזען פעראיין און ניט עלטער פון 45 יאָהר אַלט, מוז זיין אימשטאַנדע אַ לעבען צו מאַכען ווען ער איז פערהייראַט צו ערנעהרען זיין פאַמיליע, אידישער נאַציאָן געהערען, אַ גוטען און מאָראַלישען כאַראַקטער בעזיצען, גייסטיג און קערפּערליך געזונד זיין, מוז וועניגסטענס 6 מאָנאַט אין לאַנד זיין.

2. יעדער קאַנדידאַט מוז פאָרגעשלאָגען ווערען פון אַ מעמבער ביי אַ מיטינג מיט אָנגעבען זיין ערשטען און צווייטען נאָמען, עלטער און בעשעפטיגונג, סינגעל אָדער פערהייראַט, געבורט־שטאָדט, נאָמען און עלטער פון זיין פרוי, און לעגט ביי זיין פאָרשלאַג־געלד נאָך דעם בעשלוס פון סאָסייעטי. דיזער פאָרשלאַג זאָל פון פּראָטאָקאָל סעקרעטער פאָרגעלייגט ווערען, און ווען קיינער איז ניט דאגעגען זאָל אַן אונטערזוכונגס קאָ־מיטע פון פרעזידענט ערנענט ווערען. דיזע קאָמיטע דאַרף זיך גענוי ערקונדיגען איבער אַלע פערהעלטניסע פון דעם קאַנדי־דאַט און זיין פאַמיליע און צו דעם נעקסטען מיטינג בעריכטען גינסטיג אָדער אונגינסטיג.

3. ווען דער קאַנדידאַט איז פון דער קאָמיטע בעזוכט און אויך גינסטיג בעריכטעט ברויכט דערזעלבער באַלאָטירט ווערען. אויב דער באַלאָט איז אויך גינסטיג דורכגעגאַנגען זאָל דער קאַנדידאַט דורך אַ פּאָסט קאַרט פון פינאַנס סעקרעטער אויפ־געפאָדערט ווערען זיך צו דעם סאָסייעטי דאָקטאָר און זיין פרוי איבערגעבען עקזאַמינירט צו ווערען, און ביי דעם נעקסטען מי־טינג איינגעפיהרט ווערען.

4. ווען דער וויים־פּרעזידענט בעריכטעט דעם פּרעזידענט
אַז דער באַלאָט ענטהאַלט 2 שוואַרצע קוגלען, דאַן ערקלעהרט
דער פּרעזידענט פאַר די מעמבערס אַז דער קאַנדידאַט איז
אבגעוויזען און זיין פאָרשלאַגס־געלד ווערט צוריק געגעבען.
אַזעלכער קען ניט נאָכאַמאָל פאָרגעשלאָגען ווערען בעפאָר 6
מאָנאַט. ווען עס געפינען זיך אָבער 3 שוואַרצע קוגלען, איז
דער קאַנדידאַט צוריקגעוויזען אויף אַ יאָהר.

5. קאַנדידאַטען וועלכע זענען בעשטימט זיי אויפצונעמען
מוזען זיך מעלדען צום אַריינפיהרונג ביז דעם דריטען מיטינג,
ניט שפּעטער, און ביי דעם דריטען מיטינג זאָל ער אויפגעפאָ־
דערט ווערען פון סעקרעטער צו ערשיינען, און ווען ער ערשיינט
ניט און גיט ניט אָן קיין גענויע אורזאַכע, פערלירט ער זיין
פאָרשלאַג־געלד.

6. קאַנדידאַטען וואָס וואָהנען 10 סענט רייזע פון ניו־יאָרק
קענען ניט אויפגענומען ווערען, מיט אויסנאַהמע אַלס עהרען־
מיטגליעד און מוזען צאָהלען אַלע טעקסעס פון דער סאָסייעטי.

7. די איינטריטס־פּרייזען זענען פאָלגענדע:
פאָרשלאַגס־געלד 50 סענט.
איינקונפט־געלד אין עלטער ביז 35 יאָהר — $1.00.
פון 35 ביז 40 יאָהר — — — — — — — — $2.00
פון 40 ביז 45 יאָהר — — — — — — — — $3.00
העכער פון 45 יאָהר נאָך בעשטימונג פון דער סאָסייעטי.
און עס קען אויך צו יעדער צייט געענדערט ווערען.

8. יעדער נייער קאַנדידאַט בראַוכט אויך אויסער זיין אויפ־
נאַהמע פאַר סעמעטערי $10. בעצאָהלען און $1. ענדאַומענט
און פאַר אַ סאָסייעטי באַטאָן 50 סענט. די סעמעטערי און
ענדאַומענט געלד האָט דער קאַנדידאַט אַ רעכט אויסצוצאָהלען
ביז 1 יאָהר. ווען ער בעצאָהלט ניט ביז אין דער צייט ווערט
דאָס בעטראַכט אַלס דיוס און קען דערפאַר געשטראָכען ווערען.
די 10 דאָלער סעמעטערי דאַרף דער קאַנדידאַט צאָהלען ביז
די מאָונט חברון סעמעטערי וועט אויסגעצאָהלט ווערען און
נאַכהער וועט מען דאַרפען צאָהלען לויט די בעשליסע פון דער
סאָסייעטי.

9. יעדער קאַנדידאַט וואָס ווערט אַריינגעפיהרט מוז אין
געגענוואַרט פון אַלע מעמבערס פערשפּרעכען אַז ער וועט אויס־
פאָלגען אונזערע געזעצע, ווי אויך מוז ער אונטערשרייבען אויב
די יאָהרען וואָס ער האָט אָנגעגעבען פאַר זיך און זיין פרוי
זענען ריכטיג, אויב ער אָדער זיין פרוי ליידען ניט פון כראָני־
שע קראַנקהייטען און אויב אַלע זיינע קינדער זענען געזונד און
וויפיעל קינדער ער האָט און אויב זיי זענען געזונד.

10. יעדער מעמבער איז פערפליכטעט צו צאָהלען פאַר
דאָקטאָר סינגעל אָדער פאַמיליע.

11. ווען אַ מעמבער האָט אַרויסגעטראָטען פון דער סאָ־סייעטי אָדער ער איז סוספּענדירט פאַר ניט בעצאָהלען און וויל נאָכאַמאָל אַריינקומען ביז 6 מאָנאַט, מוז ער אַלע זיינע שולדען און ריקשטענדע בעצאָהלען, אויך פון די ברידער באַלאָטירט ווערען און אַ נייעם דאָקטאָר אַטעסט ברענגען.

12. אַ מעמבער וועלכער רייזט אָפּ פון ניו־יאָרק און בע־צאָהלט פאַר אַ גאַנץ יאָהר, ווערט ער בעטראַכט אַלס ניו־יאָרקער מעמבער מיט די זעלבע רעכטע אין קראַנקען־פאַל, מוז ער צו יעדען מיטינג צושטעלען פון זיין שטאָדט אַ דאָקטאָר־אַטעסט מיט אַ סערטיפיקייט פון אַ נאָטאַרי פּאָבליק.

13. ווען אַ מעמבער פאָהרט אָפּ פון ניו־יאָרק און ווערט זאָגאַר געשטראָכען, ווען ער קומט צוריק קען ער אַלס אַלטער מיטגליעד אַריינקומען, נאָר ער ברויכט אַ דאָקטאָר־אַטעסט צו ברענגען און מוז אַלע שולדען בעצאָהלען.

14. אַ פרוי, אַן אלמנה אָדער גרושה, פון סאַטאַנאָוו, ביז 45 יאָהר אַלט, קען אַריינקומען אין סאַטאַנאָווער פעראיין אויף די פאָלגענדע פונקטען: 1) זי מוז בעצאָהלען 25 דאָל. 2) זי מוז צאָהלען דיוס $2.15. 3) זי איז בערעכטיגט בלויז צו סע־מעטערי מיט בעערדיגונגס־קאָסטען.

## אַרטיקעל 7.

## איינקונפטע פון דער סאָסייעטי

די איינקונפטע אין פאָנד פון דער סאָסייעטי בעשטעהען פון פאָרשלאַגס־געלד, איינפיהרונגס־געלד, בייטרעגע $2.25 אַ קוואַר־טאַל, רעזערוו פאָנד, שטראַפע געלדער, געשענקע, פּראָפיט פון מעמבערס.

1. די מעמבערס קענען צו יעדער צייט פאַרגרעסערען די בייטרעגע ווען זיי געפינען פאַר נויטיג. דאָס קען נאָר גע־שעהען ביי ספּעשעל אָדער דזשענעראַל מיטינגען.

2. יעדער מעמבער איז פערפליכטעט ביי יעדער אונטער־נעהמונג מיט ראַט און טהאַט מיטצוהעלפען דאָס יעדע אונטער־נעהמונג זאָל האָבען אַן ערפאָלג.

3. צו די דזשענעראַל מיטינגען פון יעדע 3 מאָנאַט זאָל יעדער ברודער קריגען אַ בעמערקונג וויפיעל ער איז שולדיג, אָנצייגענדיג איהם אַז ס'איז די לעצטע איינצאהלונג, און דער ערשטער מיטינג און לעצטע איינצאהלונג זאָל זיין סוספּענדי־רונג אווענד.

4. צו די לעצטע מיטינגען פון מאָנאַט פעברואַר, מאַי, אויגוסט און נאָוועמבער זאָל אויך יעדער מעמבער קריגען נאָ־טיס אָנצייגענדיג איהם אַלע זיינע שולדען גענוי, און אַז ס'איז ערשטע איינצאהלונג.

5. אינפאַלס אַ ברודער בעצאָהלט ניט זיינע שולדען ביי דער לעצטער איינצאהלונג און דער פינאַנס סעקרעטער שיקט

איהם אַ רעדזשיסטרירטען בריעף אויפ'ן מעמבערס רעכנונג וויפיעל ער איז שולדיג, און ווען ער בעצאָהלט ניט ביים נעקסטען מיטינג, זאָל ער סוספענדירט און פון דער מיטגליעדער־ליסטע געשטראָכען ווערען.

6. אַ סוספענדירטער מעמבער קען ווידער אויפגענומען ווערען נאָך אַרטיקעל 6, פּאַראַגראַף 11 פון דיזער קאָנסטיטושאָן. ווען עס זענען אָבער פּאַראיבער 6 מאָנאַטען, ווערט דער זעלבער אַלס נייער מעמבער בעטראַכט, מיט דער אויסנאַהמע ווען די מאַיאָריטעט פונ'ם מיטינג וועלען איהם אנערקענען אַלס אַלטער מיטגליעד.

7. ווען אַ מעמבער רייזט אָפּ פון ניו־יאָרק און זיין אַדרעסע איז ניט געמאָלדען, ווערט ער צו שטרייך־אווענד סוספענדירט מיט אַ פּריווילעגיע ביז דער לעצטער איינצאהלונג פון נעקסטען קוואַרטאַל, און ווען זיין אַדרעס איז ניט געמאָלדען און ער האָט ניט בעצאָהלט ביז דאַן, ווערט ער געזעצליך געשטראָכען, אָבוואָהל מען שיקט איהם ניט קיין רעדזשיסטרירטען בריעף.

8. אַ מעמבער וועלכער ענטזאַגט זיך אָפּצונעמען דעם רעדזשיסטרירטען בריעף און קומט צוריק צום סעקרעטער, ווערט ער בעטראַכט ווי אַן אַפּרייזענדער און איז אונטערוואָרפען דעם זעלבען געזעץ, און וועהרענד דער צייט ווערט ער אַלס סוספענדירטער מעמבער בעטראַכט.

9. ווען אַ מעמבער איז געשטראָכען, קען ער דעם מיטינג־לאָקאַל ניט בעטרעטען, זאָנסט ווען ער זיינע שולדען בעצאָהלט, דען דער געשטראָכענער האָט די פּריווילעגיע צו בעצאָהלען דעם סעקרעטער ביז 48 שטונדען נאָך שטרייך־אווענד.

10. די גרעסטע סומע וואָס אַ מעמבער קען שולדיג בלייבען איז בלויז 50 סענט, ניט העכער.

## אַרטיקעל 8.

## רעכטע און געניסע פון די מעמבערס

1. ווען אַ מעמבער מעלדעט דעם פינאַנס סעקרעטאר אַז ער איז קראַנק, מוז דער פינאַנס סעקרעטער מעלדען גלייך דעם פּרעזידענט און אויך אַ קאָמיטע בעשטעהענד פון איין מעמבער שיקען נאָכ'ן נעקסט, און דער פּרעזידענט מיט'ן וויס־פּרעזידענט מוזען דעם קראַנקען 1 מאָל וועכענטליך בעזוכען. מיטגליעדער וואָס וואָהנען אויסער גרייטער ניו־יאָרק זענען צו קיינע קראַנקען־קאָמיטעס בערעכטיגט.

2. ווען אַ מעמבער איז געפעהרליך קראַנק זאָל מען איהם יעדען טאָג שיקען אַ קאָמיטע פון 2 ברידער.

3. ווען אַ ברודער מעלדעט זיך צום פּרעזידענט אין נויט, אין אונגליקס־פאַל אָדער קראַנקען־פאַל, איז עס דעם פּרעזידענט

ערלויבט צו געבען די סומע פון 10 דאלער, און ער זאָל צום נעקסטען מיטינג דער סאָסייעטי בעריכטען. איצט אָבער, ווען ק. אַנקען־בענעפיט איז אָפען, קען קיין קראַנקער ברודער ניט פערלאַנגען שטיצע, נאָר קראַנקען־בענעפיט.

4. ווען אַ ברודער איז אין נויט און וויל שטיצע פון דער סאָסייעטי, מוז ער זיך מעלדען צום פינאַנס סעקרעטער, וועל־כער מעלדעט גלייך דעם פרעזידענט, און דער פרעזידענט מעל־דעט גלייך צו די ברידער. ווען די ברידער ווילען איהם שטיצען, קען מען איהם בלויז שטיצען מיט 10 דאלער.

5. ווען אָבער אַ גרעסערע סומע שטיצונג איז נויטיג, זאָל מען אַ ספּעשעל מיטינג בערופען, ווי אויך אַ קאָמיטע אַרויס־שיקען, אום אויסצוגעפינען אויב דער ברודער איז ווירקליך נויטליידענד, דאַן קענען די ברידער איהם אַ גרעסערע סומע בעשטעטיגען, נאָך דעם בעשלוס פון דער סאָסייעטי.

6. ווען אַ מעמבער מעלדעט זיך קראַנק מוז ער זיין פריי אין די ביכער אין דער צייט וואָס ער איז קראַנק מוז ער זיין קליער, און ווען מ׳גיט איהם קראַנקען־בענעפיט מוזען זיינע שולדען אפּגעצויגען ווערען.

7. ווען אַ ברודער האָט געקראָגען בענעפיט אָדער שטי־צע, איז ער צו קיין בענעפיט אָדער שטיצע בערעכטיגט בעפאָר 6 מאָנאַט געהט אַריבער, אויסער ווען די ברידער געפינען פאַר נויטיג איהם צו שטיצען.

8. יעדער מעמבער מוז 6 מאָנאַטען בעלאַנגען צו דער סאָסייעטי ער זאָל זיין בערעכטיגט צו קראַנקען־בענעפיט אָדער צו שטיצע. ער מוז אָבער פערלאָזען דעם לאָקאַל ווען די באַ־לאָטירונג געהט אָן אום די ברידער זאָלען זיך קענען אויס־שפּרעכען אויף זיין פערלאַנג צו גונסטען פון דער סאָסייעטי.

9. די סאָסייעטי זאָל דעם קראַנקען בענעפיט צאָהלען צו $7.50 אַ וואָך פאַר 10 וואָכען אין אַ יאָהר. ווען די סומע פאַלט אַראָפּ קען מען ענדערען און אַראָפּנעמען פון דעם בע־נעפיט, און מיט די בעשליסע פון סאָסייעטי דעם קראַנקען בע־נעפיט העכערען.

10. זיבען פולע טעג ווערען פאַר אַ וואָך גערעכענט, אום צו קענען קריגען קראַנקען בענעפיט, יעדאָך מוז אַ קאָמיטע בע־ריכטען ביי דעם מיטינג דאָס דער ברודער איז ווירקליך קראַנק, און אַ גינסטיגען דאָקטאָר אַטעסט פון דעם פעראיין־דאָקטאָר ברענגען אַז ער איז ניט אימשטאַנדע צו אַרבייטען אָדער זיינע ביזנעס צו אַטענדען, אום דער קראַנקער ברודער זאָל זיין קראַנ־קען געזעצליכען בענעפיט בעקומען. ברידער וועלכע וואָהנען אויסער גרייטער ניו־יאָרק אין יונייטעד סטייטס מוזען אַ דאָק־טאָר אַמעסט בעשטעטיגט פון אַ נאָטאַרי פּאָבליק דעם פינאַנס סעקרעטער צושיקען אום זיין קראַנקען בענעפיט צו בעקומען.

ביי כראָנישע קראַנקהייט איז יעדער מעמבער נאָכ'ן ערשטען יאָהר ניט מעהר בערעכטיגט צו קיין קראַנקען בענעפיט. ביי אונמאָראַלישע קראַנקהייט איז קיין מעמבער ניט בערעכטיגט צו קראַנקען בענעפיט.

11. צווישען די מיטינגען פון לעצטער איינצאהלונג און שטרייך אווענד ווען אַ ברודער איז ריקשטענדיג מיט זיינע בייטרעגע אָדער אַנדערע שולדען און איז קראַנק אָדער ער געפינט זיך נויט איז דער זעלבער צו קיין בענעפיט אָדער שטיצע ניט בערעכטיגט.

## אַרטיקעל 9.

## טויטען־פעלע

1. ווען אַ ברודער אָדער זיין פרוי שטאַרבט, מוז דאָס גלייך פון בעטרעפענטען הויז צום פינאַאַנס סעקרעטער געמעלדעט ווערען, און ווען דער ברודער איז אין בוך גוטשטעהענד, זאָל דער סעקרעטער גלייך מעלדען דעם פרעזידענט און גלייך צושיקען פּאָסט קאַרטס צו אַלע מעמבערס זיי זאָלען קומען אַנטהייל נעמען ביי דער לויה. אַלע ברידער זענען פערפליכטעט דעם פערשטאָרבענעם ברודער אָדער זיין פרוי די לעצטע עהרע צוטהיילען. די ברידער וואָס וועלען ניט נאָכקומען די פליכטען פון אָפּגעבען די לעצטע עהרע אָהן אַ גענויער ענטשולדיגונג זאָלען מי ט1 דאלער בעשטראָפט ווערען.

2. ביי אַ טויטען־פאַל פון אַ ברודער אָדער זיין פרוי מוזען די קאָסטען פון דער סאָסייעטי געמאַכט ווערען ניט מעהר פון 40 דאלער, בעשטעהענד פון אַ טויטען־וואָגען, 2 קערידזשעס, איינער פאַר דער פאַמיליע און דער צווייטער פאַר דער קאָמיטע, תכריכים און אַ גראַב עפענען, מיט בעערדיגונגס־פּלאַץ.

3. ווען ביי אַ ברודער שטאַרבט אַ קינד, נעמליך אַ באָי וועלכער איז יונגער פון 18 יאָהר אָדער אַ טאָכטער וואָס איז ניט פערהייראַט, זענען זיי בערעכטיגט צו בעערדיגונגס־פּלאַץ און עקספּענסעס ווי פאָלגט: פון 1 יאָהר $10.00, ביז 10 יאָהר $20.00, ביז 20 יאָהר $30.00. דאָס אַלעס ווערט געצאָהלט ווען די געשטאָרבענע ווערען אויף דער סאָסייעטיס בעערדיגונגס־פּלאַץ בעערדיגט. די עלטערן מוזען געבען סעקיוריטי פאַר מצבות פאַר די קינדער.

4. ווען אַ מעמבער אָדער זיין פרוי שטאַרבט און ווערט ניט בעערדיגט אויף דער פעראיינס סעמעטערי, זאָל דער פעראיין בלויז געבען 2 קערידזשעס פאַר דער פאַמיליע און פאַר דער קאָמיטע. די סומע זאָל ניט איבערשטייגען מעהר ווי 20 דאלער, פאַר קינדער גאָרניט. ביי מעמבערס וואָס וואָהנען אויסער גרייטער ניו־יאָרק פערפליכטעט זיך די סאָסייעטי די בעשטימטע סומע פאַר בעערדיגונגס־עקספּענסעס צו בעצאָהלען, אָבער ניט פאַר בעערדיגונגס־פּלאַץ.

5. ווען אַ מעמבער בעלאַנגט ניט קיין 6 מאָנאַט אין דער סאָסייעטי איז די סאָסייעטי נור פערפליכטעט איהם בעערדי־גונגס־פּלאַץ צו געבען און קיין אַנדערע עקספּענסעס. ווען די פאַמיליע איז ניט אימשטאַנדע צו בעערדיגונגס־קאָסטען, בלייבט צו ענטשיידען פון אַ ספּעשעל מיטינג. זעלבסטפערשטענדליך אַז ביי אַ פרוי מוז דער מאַן די עקספּענסעס בעצאָהלען.

6. אַ לייכען־קאָמיטע בעשטעהענד פון 8 מיטגליעדער פון דער סאָסייעטי, אונטער וועלכע דער פּרעזידענט, וויס־פּרעזי־דענט און 6 מעמבערס וואָס זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון סעק־רעטער זאָלען די לייכע ביז צום גראַבען בעגלייטען. פאַר דער קאָמיטע בעוויליגט די סאָסייעטי 5 דאָלער עקספּענסעס.

7. דער סאָסייעטי איז ניט ערלויבט קיין בעערדיגונגס־פּלאַץ צו פערקויפען. ווען אָבער אַ סאָסייעטי מעמבער פאַר זיינעם אַ פערוואַנדטען אייז פּלאַץ ברויכט, מוז ער בעצאָהלען לויט דעם פרייז וועלכע די סאָסייעטי בעשטימט און ער מוז אַ זיכערע גאַראַנטיע צושטעלען אַז ביז אַ יאָהר וועט ער אויף דעם קבר אַ מצבה שטעלען. דאָס אַלעס קען נאָר פערקויפט ווערען אויף מאונט חברון סעמעטערי, אָבער אויף מאונט זייאָן סעמעטערי טאָר מען פאַר קיין געלד ניט פערקויפען קיין בע־ערדיגונגס־פּלאַץ.

8. ווען אַ ברודער זיצט שבעה און וויל קריגען שבעה־געלד מוז ער דעם סעקרעטער מעלדען, וועלכער זאָל איהם צו־שיקען יעדען טאָג אַ קאָמיטע און ווען די קאָמיטע בעריכטעט אַז ער איז געזעסען פולע 7 טעג, איז ער בערעכטיגט צו 7 דאָלער, וועלכע ווערען אימער געצאָהלט, זאָגאַר ווען די קאַסע איז געבראָכען. די קאָמיטע מוז איהם בעזוכען אין אַרבייטס־שטונדען. אויסער גרייטער ניו־יאָרק מוז מען אויך אַ שבעה קאָמיטע שיקען ווען די קאַר־פעיר איבערשטייגט ניט קיין 30 סענט.

9. ווען אַ מעמבער שטאַרבט קען די פרוי אימער פער־בלייבען אַ מעמבער אין דיזען פעראיין ווען זי קומט נאָך די פאָלגענדע רולס: ווען די פרוי פערבלייבט מיט יונג עקינדער, נעמליך אינגלעך ביז 18 יאָהר און טעכטער ניט קיין פערהיי־ראַטע, זאָל זי צאָהלען $2.15 אַ קוואַרטאַל, ווי אויך קיין ענ־דאומענט, און זי און איהרע קינדער זענען בערעכטיגט צו בע־ערדיגונגס־פּלאַץ און עקספּענסעס, אָבער ניט צו ענדאומענט, קראַנקען און שבעה בענעפיט אָדער שטיצע.

ווען זי בלייבט אָבער ניט מיט קיין יונגע קינדער, זאָל זי צאָהלען בלויז $1.25 אַ קוואַרטאַל און דערפאַר איז זי בערעכ־טיגט בלויז צו בעערדיגונגס־פּלאַץ און עקספּענסעס. זאָל די פרוי ווידער הייראַטען, ווערט זי און איהרע קינדער פון דעם פעראיין אויסגעשלאָסען און זיי פערלירען אַלע זייערע רעכטע

אויף דעם פעראיין. די געזעצע זענען נאָר פאַר פרויען וועלכע וועלען בעלאַנגען צום פעראיין נאָכדעם ווי די געזעצע זענען אָנגענומען געוואָרען. די פרויען וואָס בעלאנגען צום פעראיין איידער די געזעצע זענען אָנגענומען געוואָרען זאָלען צאָהלען גלייך מיט די מענער, נאָר ניט צו קיין ענדאומענט און ניט צו קיין וואוטס, סיידען זיי ווילען צאָהלען ווענינער, און זענען בערעכטיגט נאָר צו בעערדיגונגס־פּלאַץ און עקספּענסעס.

## אַרטיקעל 10.

## קאַפּיטאַ טעקס, ענדאומענט

1. ביי אַ טויטען־פאַל פון אַ מעמבער פון דער סאָסייעטי אָדער זיין פרוי איז יעדער ברודער פערפליכטעט 1 דאלער אַלס קאַפּיטאַ טעקס ביז 90 טעג אין דער סאָסייעטי קאַסע צו בעצאָהלען.

2. ווי נאָר דער קאַפּיטאַ טעקס ביז 90 טעג איז איינקאַסירט, ווערט דעם אלמן אָדער אלמנה אויסגעצאָהלט 75 פּראָצענט פון דיזע געלט און די רעסט ווערט פערהאַלטען פאַר'ן שטעלען פון אַ מצבה. ווען זיי שטעלען אַ מצבה צו דער בעשטימטער צייט ווערט אויך דאָס איבעריגע געלד אויסגעצאָהלט.

3. אַן אונפערהייראַטער מעמבער קען זיין קאַפּיטאַ טעקס פערשרייבען פאַר זיינעם אַ קרוב אָדער פאַרוואַנדטען. ווען אָבער ער האָט דאָס ניט געטהאָן זאָל איהם די סאָסייעטי פאַר העלפט געלד אַ מצבה שטעלען און די אַנדערע העלפט בלייבט דאָס אייגענטהום פון דער סאָסייעטי.

4. ווען ביי אַ מעמבער שטאַרבט זיין פרוי און ער האָט פאַר איהר אָפּגענומען ענדאומענט און נאכהער הייראַט ער אַ צווייטע פרוי, איז זיין פליכט די פרוי אַריינצוברענגען אַלס מעמבער אין דיזען פעראיין אויף פאָלגענדע בעדינגונגען.

5. ווען די פרוי איז יונגער פון 40 יאָהר זאָל ער איינצאָהלען אין דער פעראיין־קאַסע 25 דאלער און ברענגען פאַר איהר אַ דאָקטאָר אַטעסט פון אונזער פעראיין־דאָקטאָר און דאַן ווערט זי אַנערקענט אלס מעמבער. ווען זי איז עלטער פון 40 יאָהר, מוז ער פאַר איהר איינצאָהלען 50 דאלער, ווי אויך אַ דאָקטאָר־אַטעסט, קיינע ענדאומענט.

6. ווען ער וויל אָבער ניט אַריינפיהרען זיין פרוי אַלס מעמבער, מוז ער זיך אונטערשרייבען מיט געזעצליכע בעוואָרענישען אַז ער בעלאַנגט צום פעראיין סינגעל און דערפאַר דאַרף ער נאָר צאָהלען ענדאומענט, ביי מענער טויטען־פעלע, אָבער ניט ביי פרויען.

7. ווען אַ מעמבער הייראַט אַ צווייטע פרוי און זי האָט קינדער פונ'ם פריהערדיגען מאַן, זענען די קינדער ניט פּראָ־

טעקטעט ביים פעראיין און דער בעטרעפענדער מוז אונטער־
שרייבען אַ געזעצליך פּאַפּיער אויסרעכענענדיג די נעמען פון
די שטיעף־קינדער, און ווען עס צייגט זיך נאכהער ארויס אַז
ביי אַ טויטען־פּאַל פון איינעם אַ שטיעף־קינד האָט ער עס אָנגע־
געבען אַלס זיין אייגענס, מוז ער בעצאָהלען פאַר דער קרקע
און די עקספּענסעס, וועלכע ווען ער בעצאָהלט ניט זאָלען ארויפ־
געשטעלט ווערען אין לעדזשער צו זיינע שולדען, און ער זאָל
דערפאַר סוספּענדירט ווערען.

8. ווען אַ מעמבער שכאַרבט און לאָזט ניט איבער קיין
פרוי, זענען זיינע קינדער בערעכטיגט צום ענדאומענט.

9. ווען אָבער ער לאָזט קיין פרוי ווי אויך קיינע קינדער
און האָט קיין צוואה אויך ניט געמאַכט, זאָל איהם דער פעראיין
שטעלען אַ מצבה, און וויפיעל די מצבה וועט קאָסטען זאָל
פערטהיילט ווערען צווישען די מעמבערס צו בעצאָהלען און קיינע
דאלערס ענדאומענט זאָל פאַר איהם ניט גערופען ווערען.

10. ווען אַ מעמבער גט זיך אין אידישען מיט זיין פרוי,
ניט דורך קאָורט, און האָט חתונה מיט אַ צווייטער, איז זיין
ערשטע פרוי בערעכטיגט צו אונזער סאָסייעטי, און דער מאַן
איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דער צווייטער פרוי, פאַר עקספּענסעס
און פאַר קרקע און טויטען־פאַל.

## אַרטיקעל 11.

### סעמעטערי פערוואַלטונג

1. די סעמעטערי ווערט פערוואַלטעט פון דער סאָסייעטי
דורך 3 מעמבערס, 1 באָס אָף סעמעטערי און 2 אַסיסטענטס.

2. יעדער נאָמען וועלכער איז אויפגעשריבען אויף דער
גייט אָדער ביהמע פון דער סעמעטערי גייט קען קיינמאָל ניט
געענדערט ווערען.

3. פאַלס די סאָסייעטי וועט אַ נייעם גייט שטעלען, האָבען
די ברידער אַ רעכט זייערע נעמען אויף דעם נייעם גייט צו־
זעצען אָהנע פון יעמאַנדען געשטערט צו ווערען.

## אַרטיקעל 12.

### ערעפענונג פון די מיטינגען

1. ביי דער ערעפענונג פון מיטינג מוז יעדער ברודער זיין
פּלאַץ פאַרנעמען און זיך האַלטען רוהיג אין אָרדנונג אין דער
צייט פון מיטינג.

2. יעדער ברודער וועלכער וויל דאָס וואָרט מוז זיך אויפ־
שטעלען דאָס וואָרט פערלאַנגען.

3. דער פרעזידענט קען יעדען ברודער וואָס איז אויסער אָרדנונג געשפריכט איהם אונטערברעכען און איהם צו אָרד־נונג ברענגען ווען ער צו אָרדנונג גערופען איז מוז ער זיין רעדען אונטערברעכען ביז דער פרעזידענט ערלויבט איהם נאָך אַמאָל צו רעדען.

4. פאַר יעדער פאַרהאַנדלונג מוז ערשטענס פון אַ ברודער אַ פאָרשלאַג געמאַכט ווערען און פון אַ צווייטען אונטערשטיצט. דער פרעזידענט לעגט עס פאָר פאַר די ברידער און נאָכדעם ווי די ברידער רעדען אין דער פראַגע (קיין פאָינט אָף אָרדער) ווערט דער פאָרשלאַג צום אבשטימונג גענומען. די מאַיאָריטעט פון די ברידער ענטשיידעט.

5. צו יעדען פאָרשלאַג קען אויך איין אַמענדמענט געמאַכט ווערען, אָבער אַן אַמענדמענט צו אַן אַמענדמענט קען נור געמאַכט ווערען אויף מער, ניט אויף ווענינער.

6. נאָכ'ן אָבשטימונג איבער אַ פאָרשלאַג איז קיינעם ניט מעהר ערלויבט איבער דער אַנגעלעגענהייט צו ריידען.

## אַרטיקעל 13.

## פאַרלאַמענטאַרישע רולס, מיטינגס געזעצע און אָרדנונגס רעגעלען

1. די מיטינגען פון דער סאָסייעטי זאָלען זיך עפענען שפעטסטענס 15 מינוטען נאָך 8 אוהר אווענד, און גענעראַל מיטינג אום 8 אוהר.

2. ווען די בעאַמטע און ברידער צוזאַמען אַ קוואָרום זענען ערשיענען צו דער בעשטימטער צייט זאָל דער מיטינג געזעצליך ערעפענט ווערען.

3. זאָלאַנג דער פרעזידענט האָט דעם מיטינג געשלאָסען, זאָלען קיינע געלדער פאַר דיזער פערזאַמלונג מעהר ניט אָנגענומען ווערען.

4. יעדע פערהאַנדלונג מוז בעפאָר פון אַ מיטגליעד פאָרגעשלאָגען זיין און פון אַ צווייטען אונטערשטיצט ווערען, און דער פרעזידענט האָט פאַר די ברידער פאָרצולייגען, און דאַן קומט עס צום פערהאַנדלונג און בעשלוס.

5. ווען אַ פאָרשלאַג קומט פאָר, קען ניט קיין אַנדערער פאָרגעבראַכט ווערען, אויסער מען זאָל דעם ערשטען פאָרשלאַג אויף אַ בעשטימטער צייט אבשיעבען אָדער די דעבאַטע צו שליסען, אָדער אַ קאָמיטע איבער צו געבען.

6. ווען אַ פערהאַנדלונג איז שוין אפגעשטימט געוואָרען קען ער ניט מעהר ביי דער פערזאַמלונג אין בעוועגונג קומען נאָר ביי דעם נעקסטען מיטינג קען אַ שריפטליכער פראָטעסט אריינגעבראַכט ווערען פון 10 ברידער, און דאַן קען דער זעלבער אַנטראַג נאָך אַמאָל פערהאַנדעלט ווערען.

7. יעדער ברודער האָט דאָס רעכט ניט מעהר ווי 3 מאָל אין יעדער דעבאַטע דאָס וואָרט צו פערלאַנגען.

8. זאָלאַנג אַ ברודער האַלט אין רעדען קען דער צווייטער דאָס וואָרט ניט בעקומען.

9. אַ רעדנער קען אונטערבראָכען ווערען בלויז ווען ער איז אויסער אָרדנונג. אין דיזען פאַל האָט דער פּרעזידענט דעם רעדנער צו אָרדנונג צו רופען.

10. אַ פאָרשלאַג וועלכער בעשטעהט איבער סומע אָדער צייט קען אַן אַמענדמענט צום פאָרשלאַג ניט געמאַכט ווערען. יעדער אַמענדמענט מוז זיין צו אויסבעסערונג אָדער צו פאַרגרע־סערונג, די סומע אָדער צייט. אין אזא פאַל ווערט דער אַמענד־מענט פריהער געשטימט און ווען איז דאָ אַ מאַיאָריטעט פאַר'ן אַמענדמענט פאַלט שוין דער פאָרשלאַג אַוועק.

10. אַלע אַנדערע פראַגען וועלכע זענען אין דער קאָנסטי־טושאָן ניט דערמאַנט אָדער זענען אויסגעלאָזט געוואָרען זאָלען דורך איינפאַכע שטימען פון דער מאַיאָריטעט ענטשיעדען ווערען.

12. עס דאַרפען קיינע געזעצען פון די קאָנסטיטושאָן זאָ־גאַר אויף אַ מינוט ניט אבגעוויזען זיין.

## אַרטיקעל 14.

## שטראַפען

1. ווען דער פּרעזידענט אָדער וועלכער אַנדער בעאַמטער איז ניט געקומען דריי מאָל נאָכאַנאַנד צו די מיטינגען אָדער שפּעט אין צייט אָהנע וועלכע ענטשולדיגונג אָנצואווענדען, ווערט ער פון זיין אַמט סוספּענדירט.

2. יעדער בעאַמטער, ווי אויך די קאָמיטעען, וועלכע וועלען ניט אַטענדען זייערע פליכטען אָהן גענוגענדע ענטשולדיגונג זאָלען מיט 50 סענט בעשטראָפט ווערען.

די סעקרעטערע קריגען נאָך אַ בעזונדערע שטראַפע פון 25 סענט ווען זיי קומען ניט צו דער בעשטימטער צייט אָדער פער־זאַמען אַ האַלבע שטונדע שפּעטער די ביכער אין מיטינג־לאָקאַל צו שיקען.

4. יעדער בעאַמטער וואָס פערלאָזט זיין פּלאַץ בעפאָר דער מיטינג איז פון פּרעזידענט געשלאָסען ערקלעהרט, ווערט ער מיט 25 סענט בעשטראָפט.

5. יעדער ברודער וועלכער איז ערוועהלט צו אַ קאָמיטע און ברענגט ניט קיין בעריכט צו דעם נעקסטען מיטינג אָהנע ענט־שולדיגונג, ווערט מיט 25 סענט בעשטראָפט.

6. אַ מעמבער וועלכער אונטערנעמט זיך צו מעלדען וועגען אַ קראַנקען ברודער און פערנאַכלעסיגט עס צו דער צייט צו טהאָן, זאָל מיט 50 סענט בעשטראָפט ווערען.

7. ווען אַ ברודער אַטענדעט ניט קיין קראַנקען קאָמיטע אָדער שבעה קאָמיטע, אָדער האָכצייט קאָמיטע, זאָל ער מיט 50 סענט שטראַפּירט ווערען.

8. ווען אַ ברודער ערשיינט ניט צו אַ לויה, ווערט ער מיט 1 דאָלער בעשטראָפט. ווען דער פּרעזידענט אָדער וויס־פּרעזי־דענט ווע‏לען ניט ערשיינען, ווערען זיי מיט 2 דאָל. בעשטראָפט.

9. ווען אַ ברודער ווערט ביים מיטינג גערופען צו אָרדער און פאָלגט ניט, דאָס ערשטע מאָל ווערט ער בעשטראָפט דאָס וואָרט צוגענומען ביי 2 מיטינגען, דאָס צווייטע מאָל מיט 4 מי־טינגען, דאָס דריטע מאָל מיט 3 מאָנאַטען, דאָס פערטע מאָל קען דער פּרעזידענט איהם הייסען פערלאָזען דאָס לאָקאַל. די אַלע שטראַפען קענען זיין ווען דער פּרעזידענט רופט איהם 3 מאָל צו אָרדער און ער פאָלגט ניט ערלויבט.

10. ווען אַ ברודער ערלויבט זיך זעלבסט דאָס וואָרט צו נעמען, ניט דאָס וואָרט בעפאָר צו פערלאַנגען, ווערט איהם אין דיזער דעבאַטע דאָס וואָרט ניט ערלויבט.

11. ווען אַ ברודער שטערט אָרדנונג ביים מיטינג, קען ער שטראַפירט ווערען ביז 3 מאָנאַט קיין וואָרט ביי דעם מיטינג צו האָבען.

12. ווען אַ ברודער רופט דעם צווייטען צו אָרדנונג אָהן דעם פּרעזידענטס ערלויבניש, ווערט איהם אין דיזער דעבאַטע דאָס וואָרט ניט ערלויבט.

13. ווען אַ ברודער טשענדזשעט זיין וואָהנונג און צייגט ניט אָן דעם סעקרעטער ביז 14 טעג, איז די סאָסייעטי ניט פעראַנטוואָרטליך ווען איהם אַ שטראַפע פּאַסירט דורך דעם, אָדער ער ווערט דורך דעם פון דער מיטגליעדער־ליסטע גע־שטראָכען.

14. ווען אַ ברודער מאַכט דעם צווייטען פאָרווירפע אין בענעפיטס אָדער שטיצע אנגעלעגענהייטען, ווערט ער מיט 50 סענט שטראַפירט.

15. מעמבערס קענען אויך געגצליך פון דיזער סאָסייעטי אויסגעשטויסען ווערען אָדער שווער בעשטראָפט ווערען לויט די בעשליסע פון דער סאָסייעטי אויף פאָלגענדע בעווייזע:

א) ווען עס קען בעוויזען ווערען דאָס ער איז אַריינגעקומען אין סאָסייעטי דורך אַ פאַלשען נאָמען, אָדער ער האָט אָנגע־געבען ווינציגער יאָהרען.

ב) מעמבערס וועלכע פיהרען זיך אויף אונמאָראַליש אָדער זיי איבערטרעטען אזוי ווייט די לאַנדס־געזעצע אז זיי ווערען פון אַן עפענטליכען געריכט בעשטראָפט פאַר אַ קרימינעלען פערברעכען.

ג) מעמבערס וועלכע האָבען זיך פאַלש אין נויט אָדער קראַנק געמאָלדען אום בענעפיט אָדער שטיצע צו בעקומען, און

דאָס ווערט נאכהער אויסגעפונען, זאָלען בעשטראָפט ווערען לויט בעשליסע פון דער סאָסייעטי. די שטראַפע קען זאָגאַר זיין צור שטרייכען. דער זעלבער מעמבער קען אויך פאַר קיין אַמט ניט נאָמינירט ווערען.

ד) אַ ברודער וואָס הייראַט ניט נאָך דעם אידישען געזעץ, אַ ברודער וועלכער אידישט ניט זיינע קינדער נאָך די אידישע געזעצע. אַזעלכע אויסגעשטויסענע מעמבערס האָבען מעהר קיין רעכט צו דער סאָסייעטי.

16. אַ מעמבער וועלכער אַטענדעט ניט קיין מיטיינגען 6 מאָנאַט נאָכאַנאַנד זאָל איהם די סאָסייעטי בעשטראָפען נאָך איהר בעשלוס. די שטראַפע קען אויך זיין ביז צום שטרייכען.

17. אַלע שטראַפען וועלכע זענען פאַר בעליידיגען בע־אַמטע און די ברידער בעשטראָפען איהם, האָט דער בעליידיגטער בעאַמטער דאָס רעכט די שטראַפע פריי צו לאָזען.

18. אַלע שטראַפען־געלדער ווערען אַלס בייטראַגע בע־טראַכט און דער סעקרעטער איז פערפליכטעט יעדען ברודער זיינע שטראַפען אויף זיין קאָנטאָ צוצושטעלען, וועלכע מוזען מיט די קוואַרטאַל בייטראַגע געצאָהלט ווערען.

## ארטיקעל 15.

## קלאַגען פערפיהרען

1. ווען אַ ברודער האָט בעליידיגט דעם צווייטען אין מי־טינג־לאָקאַל קען דער בעליידיגטער אַ שריפטליכע קלאַגע מיט אַ דופליקאַט אַריינברענגען. ווען דער פּרעזידענט נעמט אָן די קלאַגע ערנענט ער אַ קאָמיטע פון 5 ביז 7 מיטגליעדער די קלאַגע צו אונטערזוכען. דער קלעגער ווי אויך דער אָנגעקלאָגטער האָ־בען דאָס רעכט 2 פון דער קאָמיטע איינמאָל צוריק צו ווייזען און דער פּרעזידענט מוז אַנדערע ערנענען. ווען דער פּרעזידענט וויל אַזאַ קאָמיטע ניט ערנענען, איז די פליכט פון דעם וויים־פּרע־זידענט אַזאַ קאָמיטע צו בעזאָרגען.

2. די קאָמיטע איז פערפליכטעט די קלאַגע ריכטיג צו אונ־טערזוכען און דעם קלעגער ווי אויך דעם אָנגעקלאָגטען אויס־צוהערען און ביים נעקסטען מיטינג אַ בעריכט צו ברענגען. דער בעריכט פון דער קאָמיטע זאָל לויטען שולדיג אָדער אונ־שולדיג. דער בעריכט פון שולדיג מוז דייטליך זאָגען ערשטער, צווייטער אָדער דריטער גראַד.

3. פאַר דעם ערשטען גראַד שולדיג איז די שטראַפע 3 מאָנאַט אבגעוויזען פון די מיטינגען, צווייטען גראַד שולדיג איז די שטראַפע 3 מיטינגען פון מיטינגס־לאָקאַל אבגעוויזען און פאַר דריטען גראַד שולדיג איז די שטראַפע 3 מאָנאַט דאָס וואָרט אָוועקצונעמען. ער קען צו די מיטינגען קומען אָבער קיין אנטהייל אין קיין דעבאַטע נעמען.

4. אַ מעמבער האָט דעם פּרעזידענט אָדער אירגענד וועל־כען בעאַמטען אין מיטינג לאָקאַל בעליידיגט און איז געפונען געוואָרען שולדיג זאָל די שטראַפע זיין פון 3 ביז 6 מאָנאַט אבגעוויזען פון מיטינג־לאָקאַל.

5. ווען דער אָנגעקלאָגטער ביי דעם מיטינג ניט אנוועזענד איז, זאָל דער סעקרעטער איהם אַ דופּליקייט שיקען ער זאָל ערשיינען צו דעם נעקסטען מיטינג, און ווען ער קומט ניט, זאָל די קלאַגע פערהאַנדעלט ווערען ביי דעם מיטינג.

6. ווען אַ ברודער געגען אַ בעאַמטען אַ קלאַגע איינריכטעט און די קלאַגע ווערט אָנגענומען צו פערהאַנדלען, מוז דער בע־אַמטער זיין אַמט ענטלאַסען ביז דער ענטשיידונג פון דער קלאַגע.

7. אַלע קלאַגען מוזען אין 2 מאָנאַטען געשליכטעט ווערען, דאַגעגען אָבער געגען אַ בעאמטען מוז דורך איין מאָנאַט גע־שליכטעט ווערען.

8. אַלע קלאַגען אָדער אונצופרידענהייטען מוזען געשליכ־טעט ווערען ביי די מיטינגען אָדער דורך אַ דזשורי פון דער סאָסייעטים מיטגליעדער. ווען אָבער דער קלעגער שטעלט זיך ניט צופרידען מיט דער ענטשיידונג פון דעם מיטינג אָדער פון דער דזשורי פון דער סאָסייעטי און קלאָגט די סאָסייעטי אין לאַנד־געריכט (קאָורט), זאָל זיין וועלכע עס איז קלאַגע, זאָלאַנג ער פערקלאָגט די סאָסייעטי אין קאָורט זאָל אַזאַ ברודער הייסען אַן אונגעווינשטער ברודער און מען קען איהם דאפיר שטרייכען.

## אַרטיקעל 16.

## געזעצע פערענדערונג

1. קיין טהייל פון דיזע געזעצע קען ווידערגערופען אָדער געענדערט ווערען אָהן בעשטימונג ביי אַ גענעראַל מיטינג אָדער ביי דריי אָפּגעהאַלטענע ספּעשעל מיטינגען, מען זאָל די ברידער דעם צוועק בעקאַנט מאַכען און צוויי־דריטעל איז נויטווענדיג אַלס מאַיאָריטעט די געזעצע אין ענדערונג צו ברענגען.

## אַרטיקעל 17.

## עהרען־מעמבערס

1. אַן עהרען מעמבער איז ניט בערעכטיגט צו קיין בע־נעפיט פון דער סאָסייעטים טרעזשורי.

2. עהרען מעמבערס צאָהלען קיינע דיוס, אָבער דאָקטאָר און אַלע אַנדערע מעקסעס זענען זיי פערליכטעט צו צאָהלען.

3. ביי אַ טויטען־פאַל פון אַן עהרען־מיטגליעד איז די סאָ־סייעטי ניט פערפּליכטעט איהם צו געבען מעהר ווי בעערדיגונגס פּלאַץ, און די ברידער דאַרפען קיין קאַפּיטא טעקס ניט צאָהלען, ווייל אַן עהרען מעמבער דאַרף קיין קאַפּיטא טעקס צאָהלען.

## דאָס געזעטץ קאָמיטע

פּערלמאַן
וויינטרויב
ליפּצין
עדעסאָן
טשעכאַוויטץ
פראַנקפאָרט
שפּילקא
טאַבאַטשניק

## פּרינטינג קאָמיטע

פּערלמאַן
וויינטרויב
עדעסאָן

## עמבלעם און צייכען פון דער סאָסייעטי

יעדער מעמבער איז פערפליכטעט צו טראגען דיעזען צייכען וועלכער בעשטעהט פון איין „אַנקער" מיט דעם נאמען פון דער סאָסייעטי אויף זיינע קליידער, אמווייניגסטענס ביים מיטינג און ביי איין אפעיר פון דער סאָסייעטי.

אַלע שריפטען, בעננערס, פרינטינג, זיעגלען מוזען מיט דעם עמבלעם בעצייכענט זיין.